ד"ר י. ספיר

# די געשיכטע פון ציוניזם.

## „חבת ציון".

### I.

„אם אין אני לי—מי לי
ואם לא עכשיו—אימתי?"

די מאטא צו ד"ר פינסקער'ס
בראָשור „אויטא-עמאנסיפאציע"

ד"ר פינסקער'ס „אויטא-עמאנסיפאציע" („זעלבסטבאפרייאונג") פארדינט, שוין ניט רעדנדיג וועגן אירע אינערליכע מעלות, די טיפסטע אויפמערקזאמקייט, אלס א בולטער באווייז פון דעם איבערבּרוּך, וואס איז פארגעקומען אין די אנשויאונגען פון די בעסטע אידישע מענזֹר פון יענער צייט.

ד"ר פינסקער האט, ווי דער רוב פון די יונגע אינטעליגענטן פון די 60-טע יארן, געגלייבט אין דער וואונדערטעטיגער קראפט פון אסימיליאציע. אויף דער עלטער איז ער געווארן נאציאנאל-געזאנען.

ס'איז זעלבסטפארשטענדליך, אז אין אזא שלמות'דיגער נאטור, ווי פינסקער, האט אזא איבערקערעניש ניט געקענט פארקומען כהרף עין. פארטראכטנדיג זיך איבער די טרויעריגע געשעהנישן, וואס ער האט בייגעוואוינט אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן, האט ער, ניט ווילנדיג, געדארפט איבערשעצן זיינע אנשויאונגען בנוגע דעם גורל פונ'ם אידישן פאלק, די מסכנה, צו וועלכער ער איז געקומען, אין רעזולטאט פון דער דאזיגער אינערליכער ארבעט, איז אויפריכטיג אויפגעבראכט געווארן אין זיין בראשור „אויטא-עמאנסיפאציע" („זעלבסטבאפרייאונג"). דעם איבערגאנג פון אסימיליא-ציע צו נאציאנאליזם שילדערט ד"ר פינסקער אין פאלגענדע ווערטער:

„אין טאטנס סדור, דארט וואו ס'דערצעהלט זיך אין א רירנדער פארם וועגן די עשרה הרוגי המלכות, האב איך באמערקט א טרער. די דאזיגע טרער האט מיר דערמאנט וועגן די אידישע צרות, וועגן דער טויזנט-יעריגער ערשוטערנדער טראגעדיע פונ'ם אידישן פאלק".

די אויבנדערמאנטע בראשור, וואס איז פארעפנטליכט געווארן דורך

פינסקערן אין דייטשער שפראך אין 1882 יאר, האט אוועקגעשטעלט דעם מחבר אין שפיץ פון דער באוועגונג, וועלכע איז דורך זיין רוף געבוירן געווארן.

דער תוכן פון דער בראשור איז לפי ערך פאלגנדער:

די אידן זיינען פרעמדע איבער דער גאנצער וועלט און זייער פארבלייבן צווישן אנדערע פעלקער וואלט געקענט געדאכט ווערן נאר דאן, ווען זיי וואלטן זיך קענען שטיצן אויף אינטערנאציאנאלע רעכט. נאר אידן זיינען נאך ניט איינגעשלאסן אין דער פעלקער משפחה און דארום איז ניט צו האפן אויף א וואס ס'ניט איז ערטרעגליכע עקזיסטענץ.

די אידן שטעלן מיט זיך לפי שעה ניט פאר קיין באזונדערע נאציע, ווייל זיי באזיצן ניט דאס אייגנארטיגע לעבן, וואס שאפט זיך געוועהנליך דורך א געמיינזאמער טעריטאריע. כדי נושא חן צו זיין בא אנדערע פעלקער, האבן די אידן אויסגעראט אין זיך זייערע נאציאנאלע מדות. ס'פעהלט בא זיי דאס באדערפניש אין א זעלבסט-שטענדיגן קיום און דאס אליין דינט שוין אלס באווייז, ווי באדנלאז ס'איז דאס לעבן פונ'ם גאנצן פאלק. ווילן מיר אבער מתרה זיין די סכנה, דארפן מיר וואס גיכער, און מיט אלע מיטלען, זיך באמיהען אויפלעבן דאס פאלק און ארויסרופן צום לעבן זיינע אקטיווע כחות. בא היינטיגן טאג זיינען מיר פאר די אומות העולם א געשפענסט, וואס בלאנדזשעט איבער דער וועלט. דער אידן-האס איז ארויסגערופן בלויז דורך א פחד פאר געשפענסטער. דער אנטיסעמיטיזם איז שטארק ניט אין זיין לאגישער באגרינדונג, נאר אלס איינגעבוירענער געפיל. ווי אזוי ס'זאלן זיך ניט פונאנדערגעהן די אינטערעסן פון פארשידענע פעלקער, פארשטענדיגן זיי זיך אלע אויף איין פונקט: אויפ'ן האס צו אידן. ווען אידן באקומען ערגיץ וואו אייניגע רעכט, ווערן זיי געגעבן, ווי ברעקלעך פון א רייכן טיש. די פאליטישע גלייכבארעכטיגונג פון די אידן אין פארשידענע לענדער איז תמיד געקומען אלס א געזעצגעבערישער אקט, אבער זי איז קיינמאל ניט געווען קיין רעזולטאט פון אמת'ן פאלקס-ווילן. די איבערוויגענדע מאסן קוקן אויך בא היינטיגן טאג אויף א אידן, ווי אויף א בריאה פון א נידריגערער מדרגה. אלע שיכטן פון דער געזעלשאפט זעהען אין אים א געגנער: ער איז א טויטער פאר די לעבעדיגע, א פרעמדער פאר די איינגעזעסענע, א ארי-מער פאר די רייכע, א עקספלואטאטאר און מיליאנער פאר די ארימע, א מענש אהן א פאטערלאנד פאר די פאטריאטן און פאר אלע אהן אויסנאם—א פארהאסטער קאנקורענט. אויב די אידן מיינען, קלאגנדיג זיך אויף זייער גורל, זיך שטיצן אויפ'ן צווישנפעלקערליכן יושר, וועלן זיי דערמיט גארניט פועל זיין. זיי דארפן זעלבסט פאר זיך זארגן. דער גרעיגע נאך היונה, וואס ווערט בא אונז באגלייט מיט פיל שטע-רונגען, האט אונז, צום באדויערן, געצווינגען זיך אפזאגן פון אונזער זעלבסטווירדע. דאס פאטאלסטע אין אונזער לאגע איז דאס, וואס מיר קענען ניט לעבן מיט קיין

אמתן נאציאנאלן לעבן און מיר קענען, פון דער אנדערער זייט, ניט אפשמארבן אל פאלק. ביז איצט האבן מיר זיך באצויגן גלייכגילטיג צו אונזער גורל און זיך געקוויקט מיט'ן רעיון המשיה. די געשעהענישן פון די לעצטע יארן האבן אונז געוועקט און אויס- געניכטערט און דער צופאל האט אונז אנגעוויזן דעם ריכטיגן וועג צו רעטונג. דער מאסן דראנג פון די אידן קיין א"י און די טרויריגע טעג פון די פאגראמען האבן ענטפלעקט דעם נעזונטן פאלקס אינסטינקט.

אינז פעהלט דער באדן אונטער די פיס. ביז מיר וועלן ניט האבן קיין איי- גענע היים, וועט אונזער לאגע ניט פארבעסערט ווערן. מיר דארפן זיך דארום באנוצן מיט דעם, וואס דאס פאלק ערוואכט און אויפמונטערן אים צו זעלבסטבאפרייאונג.

...דעם, ווי אנדערע פעלקער, וועלבע האבן קיינמאל ניט געדאכט וועגן זעלבסט- שטענדיגקייט, האבן זיך באפרייט, וואלט געווען פון אונזער זייט א פארברעכן א רגע ...ו פארזוימען. ס'איז שוין צייט אויפצוהערן צו זיין טראגיקאמישע פיגורן און באמיהען ...ך מיט צונויפגעקארטשעטע פנים'ער און פארקריפלטע אברים צו שאפן די וועלט- ...עשיכטע.

באגרינדנדיג טעארעטיש די אומפארמיידליכקייט און נויטווענדיגקייט פון ...עלבסטהילף, געהט דער מחבר איבער צו די מיטלען, מיט וועלכע מ'קען דערגרייכן ...עם געשטעלטן צוועק.

מיר דארפן ערווערבן א שטח ערד, פון וועלכער קיינער זאל אונז ניט קענען ...ארטרייבן. די איניציאטיוו דארף ארויסגעהן פונ'ם נאציאנאלן קאנגרעס, פון די אידישע ...טאבלען, ווייטער דארף געלעגט ווערן א יסוד פאר א אקציאנערער געזעלשאפט. ...עלבע וועט אפקויפן דעם אויבנדערמאנטן שטח, וואו ס'וועלן מיט דער צייט זיך באזעצן ...עליבע מיליאן אידן.

ווי דער לעזער זעהט, ענטהאלט פינסקערס פראעקט אין פארבארגענעם צו- שטאנד (בזעיר אנפין) די אלע עקרים, וואס זיינען נאכדעם געלעגט געווארן אין גרונד ...ו פאליטישן ציוניזם. (קאנגרעס, ארגאניזאציע, אקציאנערע געזעלשאפט, אונטער- ...נדלונגען מיט רעגירונגען א. ז. וו.). ד"ר פינסקער קען דארום מיט רעכט גערעכנט ...רן אלס מאטער פון אונזער באוועגונג. ער האט דער ערשטער אנגענומען א נייע ...טעלונג צו דער אידישער פראגע, א שטעלונג, וואס איז אים דיקטירט געווארן ...ך זיין טיפן וויסן פון דער מענשליכער נאטור און דורכן איינדרינגען אין די עצם ...ציהונגען פון די אומות העולם צו די אידן.

פינסקער איז געווען דער ערשטער קלאסיקער פונ'ם ציוניזם. משה העס האט ...אזאפיש באגרינדעט דעם נאציאנאליזם, נאר טיפע שפורן אין דער געשיכטע ניט ...ערגעלאזן, ווייל ער האט דאס פאלק נישט געקענט נאענט. סמאלענסקין האט ...סגערופן א רעוואליוציע אויפ'ן געביט פונ'ם אידישן גייסט, נאר ניט אויסגעפונ ע

קיין קלארע פארמען פארן נאציאנאלן רענעסאנס. פינסקער האט דער ערשטער פארמולירט קורץ און שארף די ציוניסטישע אידעע און זי וויסנשאפטליך באגרינדעט. פינסקער'ס „אויטא-עמאנסיפאציע", וואס איז ערשינען צוערשט אין דייטש, איז דערנאך איבערגעזעצט געווארן אין רוסיש, אין ענגליש און אנדערע שפראכן, און האט שטארק מיטגעווירקט דעם וואוקס פון דער ציוניסטישער באוועגונג. דער הייליגער געדאנק פון שיבת ציון האט זיך גיך פארשפרייט צווישן דער אידישער אינטעליגענץ, און מענטשן פון פארשידענע בארופן, שטאנדן און עלטערס האבן זיך פאראייניגט צוליבן הויכן צוועק. יעדער איז גרייט געווען צו אפפערן און פיל האבן, ווירקליך, געאפפערט מיט זייער צוקונפט. צענדליגער פערזאנען האבן פארלאזט די אוניווערזיטעטן און געגאנגען אפרעכטן פריווילעגיע דעם גלות צוזאמען מיטן פאלק. איין טייל האט זיך געלאזט געהן אויפ'ן וויטן מערב, די אנדערע אויפ'ן מזרח. אזוי ארום האט זיך אנגעהויבן די קאלאניזאציע פונ'ם הייליגן לאנד.

דער הויפט-מיטקעמפער פון ד'ר פינסקער איז געווען מ. ל. ליליענבלום. דער געדאנק וועגן חבת-ציון (אונטער דעם נאמען איז די באוועגונג באוואוסט אין דער ליטעראטור) האט ליליענבלום געפרעדיגט נאך פאר פינסקער'ן. אין משך פון 10 יאר, אנהויבנדיג פונ'ם 1887-טן יאר, האט ליליענבלום געווארנט דאס אידנטום וועגן דער סכנה, וואס אים דראהט. ווי א דינער איז ערשאלן דער ערשטער פאגראם און דאס פאלק זעלבסט האט אנגעוויזן דעם קעמפפער דעם ריכטיגן וועג. די אידישע עמיגראציע קיין אמעריקע האט ארויפגעבראכט ליליענבלומען אויפ'ן געדאנק, אז דער איינציגער וועג באשטעהט אין דער קאלאניזאציע פון א"י. דעם דאזיגן געדאנק האט ער היים און מיט פולער איבערצייגונג פארטיידיגט, אנהויבנדיג פונ'ם 1881-טן יאר אין זיינע מאמרים אין „ראזסוועט"*) און אין „השחר"**).

אין די ערשטע נומערן פון „ראזסוועט" פון 1883 יאר האט ליליענבלום אנגעשריבן א מאמר, אונטערן נאמען „אונזער פאלקס זאך", אין וועלכן ער האט אין בולטיפארבן געשילדערט דעם נעבעכדיגן צושטאנד פון די אידישע מאסן, וואס ליידן פון הונגער און אידן האס. דער המשך פונ'ם דאזיגן מאמר איז ערשינען אין די נומערן 28—29 פונם „המליץ" און אינ'ם זעלבן יאר אויך די ענדע—אין א באזונדער אויסגאבע, אונטערן נאמען „וועגן דער אויפלעבונג פונ'ם אידישן פאלק אויף דער הייליגער ערד פון זיינע אבות".

אין די דאזיגע אלע מאמרים ווערט דורכגעפירט דער געדאנק, אז ס'איז ניטא

---

*) ליליענבלום, די אידישע פראגע און א"י. „ראזסוועט" 1881 41—42 №.

**) דער ערשטער איז וועגן דער קאלאניזאציע פון א"י ארויסגעטרעטן דער סטודענט (איצט ד'ר) מ. שליאפאשניקאוו אין זיין מאמר „וואוהין" „ראזסוועט" 1879 יאר No38. ער באגרינדעט זיין פארשלאג ניט אויף נאציאנאלע, נאר אויסשליסליך זאכליכע מאמענטן.

וואס צו טראכטן וועגן דעם, אז מיר זאלן ווערן גלייך מיט די פרעמדע, צווישן וועלכע מיר לעבן, און דארום דארפן מיר בויען פאר זיך א אייגן ווינקל, וואו מיר זאלן זיך פילן פריי און באדן-פעסט. צו דעם צוועק דארפן מיר מיט פאמעליכע טריט קאלאניזירן א"י. מ'דארף באדעקן די אלטע היים מיט א געדיכטער נעץ פון אידישע קאלאניעס און שטעט, און איפברענגען א קאפיטאל פון 10 מיליאן רובל, כדי צו ערווערבן די נויטיגע ערד שטחים. ווען מיר וועלן באזיצן 300 קאלא־ניעס, וועט אונזער וויסט לאנד איפלעבן און דאס גייסטיש און פיזיש איפוואכנדע אידישע פאלק, וועט עראבערן א אייגענע היים. כדי צו פארווירקליכן דעם דאזיגן פלאן, איז נויטיג צו גרינדן א „געזעלשאפט פאר קאלאניזירן א"י און סיריען".

ליליענבלום'ס בראשור האט געמאכט א גוואלדיגן רושם אויף דער אידישער אינטעליגענץ און דער מחבר איז צוזאמען מיט'ן ד"ר פינסקער ארויסגעטראטן אין פאר־דער גרונד פון דער חובבי ציוניסטישער באוועגונג.

אין איין שורה מיט די פריער דערמאנטע אויטארן דארף מען אוועקשטעלן אויך דעם טאלאנטפולן קעמפער פאר'ן „חובבי־ציוניזם"—ל. מ. לעוואנדע. אזוי ווי דער ד"ר ל. פינסקער, האט אויך לעוואנדע, אינם ערשטן פעריאד פון זיין ליטערארישער טעטיגקייט געדינט דעם געדאנק פון אסימיליאציע. 20 יאר האט ער געפרעדיגט, אז דער רוסישער איד דארף ווערן א רוסישער בירגער*) נאר ס'איז אנגעקומען דער 80-טער יאר און די אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע האט זיך אין דער אלגעמיינער פרעסע באדייטענד פארשטארקט. דאס האט באאונרוהיגט לעוואנדען און ארויסגערופן אין אים א איבערקערעניש, די סמנים פון וועלכער מען באמערקט שוין אין דער „פריוויסלינסקי כראניקע" פארן 1880 יאר (No. 11) דארט ווערט שוין גערעדט וועגן דעם, אז די פעדים, וועלכע בינדן צונויף אונזערע קינדער מיט אונז, ווערן אלץ שוואכער און שוואכער.

נאך איין טריט פאראוים צום נאציאנאליזם האט לעוואנדע געמאכט אין פעוו־ראל 1881 יאר אינ'ם ארטיקל „אין וואס באשטעהט די שוועריגקייט פון דער ער־לעזונג פון דער אידן־פראגע אין רוסלאנד". דער אויטאר קומט דא צו דער אויס־פירונג, אז די שוועריגקייטן פון דער אידן־פראגע ליגן ניט אין אונזער ניט־ווילן, צו דערנעהנטערן זיך צו דער ארטיגער באפעלקערונג, (ווי ער האט פריער געטראכט), נאר, פארקערט, אינ'ם ניט־ווילן פון דער ארטיגער באפעלקערונג צו אסימילירן אונז צווישן זיך.

דער ענטשידענער קריזיס אין לעוואנדעס מיינונגען איז פארגעקומען א דאנק די פאגראמען. „אצינד"—זאגט לעוואנדע אין אנהויב יוני 1881 יאר—„זיים איך שוין זי־

*) ב. גאלדבערג. ל. א. לעוואנדע אלס פובליציסט. ווילנע 1900, זייט 27, 29.

בער, וואו און וואס איך בין, מיט וועמען און בא וואס בין איך. איך וויים שוין, אז ניט נאר דאס גרויע מענשעלע, נאר אויך דער ווייסער מענש איז געשטאנען פון דער־ווייטנס, קוויקנדיג זיך מיט דער בילדונג פון מיין חורבן". לעוואנדעס האפנונגען האבן זיך דאמאלס געווענדעט צו דער מערב־גרעניץ. אין הארבסט יענעם יאר שרייבט ער: „אלע אונזערע געדאנקען זיינען געווענדעט אהין" (צו די אזיאטישע לענדער פון טער־קיי און קיין אמעריקע).

שפעטער מיט א יאר פירט לעוואנדע דורך אין זיינע פעליעטאנען „געדאנקען פון א ערשטווינטן" דעם געדאנק פון זעלבסט־הילף. „זעלבסטהילף" זאגט ער „אט דאס איז דאס איינציגע, וועלכע קאן מיך אויפשטעלן אויף די פיס, אויף וועלכע איך דארף שטעהן ניט ערגער פון אנדערע, און ניט ערנידריגן זיך, ארומקריכנדיג ווי א ווארים אין שטויב און בעטנדיג בא יעדן רחמים, מיטפיל". אין א צווייטן פעליעטאן, אין „ראזסוועט" 1882 יאר, באשולדיגט ער דאס אידישע פאלק, אז „נאר ער איינער זאגט זיך אפ פון זיין אינדיווידואליטעט און איז גרייט יעדער רגע פארבייטן זי אויף אנ'אנדערע, אבי נאר צו קאנען לעבן א לעבן פון היימלאזן הינט. און די פעלקער איז ניט אנגענעם דאס, וואס ער איז צווישן זיי".

פון יענער צייט, ווען לעוואנדעס עוואליוציע האט זיך פארענדיגט, איז ער גע־ווארן די נשמה פון די נאציאנאלע שטרעבונגען אינ'ם אידנטום. אלע אנפירער פון דער באוועגונג געפונען פאר נייטיג פרעגן זיין אויטאריטעטע מיינונג. ל. פינסקער און אנדערע האבן געפירט א גרויסע קארעספאנדענץ מיט לעוואנדען וועגן אלע גע־שעהנישן אין דער חובבי ציוניסטישער באוועגונג.

אין 1884 יאר האט זיך באוויזן לעוואנדעס ארטיקל: „דער מהות פון דער אזוי גערופענער פאלעסטינעזישער באוועגונג", אין וועלכן ער פרובירט טעארעטיש באגרינדן די נייע נאציאנאלע באוועגונג. די באגרינדונג זיינע באשטעהט אין פאלגענדן: „אונז באשולדיגט מען, אז מיר ווילן ניט הארעווען. דאס פאלק האט דער־פאר באשלאסן נעמען זיך צו ערד ארבעט, אזוי צוזאגן, מיט קראפט. פאר ערד אר־בעט איז נייטיג פעלד און דאס פאלק האט זיך אווארף געטון זוכן פעלד מעבר לים. ער האט זיך אבער געווענדעט נאר אין דער מזרח זייט, ווייל אויף מערב האט ער זיך שוין אפגעבריהט. דאס פאלק דארף זוכן באדן אין אזא לאנד, וואו זיין ארבעט וועט ניט פארפאלן ווערן אומזיסט, וואו דער איד וועט זיך ניט פילן פרעמד. דאס לאנד איז ארץ־ישראל". נאכדעם דעם דערווייזט דער אויטאר די מעגליכקייט צו קא־לאניזירן ארץ־ישראל דורך אידן.

דער שענסטער ארטיקל לעוואנדעס איז געוועזן וועגן „אסימילאציע", אין וועלכן, אזוי ווי אין א צוואה, זאגט ער אן די אידן, אז זיי זאלן נאכטון די אנדערע פעלקער און, רעכנענדיג זיך מיט'ן פרינציפ פון נאציאנאליזם, וועלכער האט דאמאלס

געהערשט אויף דער וועלט, זיך אויך אפטיילן אין א באזונדערער עטנישער גרופע.

אונטער'ן פרישן איינדרוק פון „אויטא עמאנסיפאציע" האט דער מעמעלער רב, ד"ר ראלף אנגעשריבן אין 1883 יאר, (אין פראנקפורט אויפן מיין) די בראשיור „ארוכת בת עמי". דאס בוך איז א פלאמענדע מאניפעסטאציע פאר'ן אויפבוי פון א אידישער מלוכה אין ארץ־ישראל דורך קאלאניזאציע. לויט דער מיינונג פונ'ם אויטאר וועלן מיר געהן אהין, פארשטעהט זיך, ניט אלע, נאר די, וועלכע דארפן געהן, ווער ס'ווערט דערשטיקט אין דער פרעמדער פיינדליכער אטמאספער. דורות וועלן נאך לעבן און געבוירן ווערן אין גלות, אבער דאס שענסטע און ליכטיגסטע, די, וועלכע וועלן פילן שטארקער און זיין פעסטער, וועלן אוועקגעהן קיין ארץ ישראל און דארט וועט א דור נאך א דור געבוירן ווערן און ס'וועט אויסוואקסן דאס קערנדל פונ'ם צוקונפטיגן אידישן פאלק".

אונטער דער ווירקונג פון „אויטא־עמאנסיפאציע" און „ארוכת בת עמי" האט דער ארץ ישראל געדאנק געפונען נאכפאלגער אויך אויפ'ן מערב. אין עסטרייך, גאליציע, בוקאווינע און דייטשלאנד האבן זיך געגרינדעט א רייע פון געזעלשאפטן און קרייזלעך. מיר וועלן דא פארצייכנען איינעם פון די אנגעזעהנסטע טוער—נתן בירנבוים— דער גרינדער פונ'ם ווינער אקאדעמישן קרייזל „קדימה", אויטאר פון א גרויסער צאל ארטיקלען, בראשיורן און רעדאקטאר פון צוויי ציוניסטישע ארגאנען. „קדימה" האט פארשפרייט דעם ציוניזם איבער גאנץ עסטרייך. די באוועגונג האט צוביסלעך אריינגעדרינגען אויך קיין ענגלאנד און אמעריקע אזוי, אז זי האט ארומגעכאפט אלע אידישע צענטרען.

באגלייך מיט דער ענטוויקלונג פונ'ם ציוניסטישן געדאנק, איז געגאנגען אויך די שטרעבונג צו דער גייסטליכער אויפלעבונג פונ'ם פאלק, דורך דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפראך און ענטוויקלונג פון דער נאציאנאלער ליטעראטור, ווייל איינס אהן דעם צווייטן איז אונמעגליך. און דער זעלבער ל. בן־יהודה, וועלכער האט נאך פריער, פאר די פאגראמען, אנגעהויבן אינ'ם „השחר" די פראפאגאנדע פונ'ם ציוניסטישן געדאנק, איז געווען דער ערשטער פיאנער אויפ'ן וועג צו פארוואנדלען העברעאיש אין א לעבעדיגער שפראך און ער איז אויך געווען דער רעפארמאטאר פון דער נייע־העברעאישער שפראך און ליטעראטור. א דאנק די רעפארמען פון בן־יהודה און ל. דאווידאוויטש, זיינען געגרינדעט געווארן, אנהויבנדיג פון 1889 יאר, קרייזלעך, כדי צו ענטוויקלען די נייע־העברעאישע שפראך.

לטובת דער ענטוויקלונג פון דער שפראך און איר באדייכערונג האבן זיך ארויס-

געזאגט אלע יונגע און בעסטע שרייבער (ר. בריינין, טוריעוו, יעלין, פינעס, פראפ. י. הלוי און ד״ר קלויזנער*)

די ארבעט פון א גאנצן דור איז ניט געבליבן אהן רעזולטאטן און די שפראך איז געווארן רייך, בויגזאם; אין ארץ ישראל איז העברעאיש געווארן די אומגאנגס־שפראך און האט ארייגעדרונגען אין דער שולע און אין דער פאמיליע, ווערנדיג אזוי ארום א אמת לעבעדיגע פאלקס־שפראך **).

גלייכצייטיג מיט דער אויפלעבונג פון דער שפראך, האט זיך אויך ענטוויקלט די ניי העברעאישע פרעסע, וועמענס לאזונג ס׳איז געווארן: צוריק צום אידנטום, אין צוזאמענבונד מיט׳ן צוריקקער צו דער היסטארישער היים פונם „יודאיזם". ס׳זייגען געגרינדעט געווארן די צייטונגען „היום", ל. קאנטאר׳ס, „המליץ" און „הצפירה", וועלכע זיינען ערשינען טעגליך לויטן פארמאט פון אנדערע אייראפעאישע צייטונגען; ס׳זיינען ארויס די זשורנאלן „האסיף", „כנסת ישראל" און „אוצר הספרות".

ס׳באווייזט זיך א גאנצע פלייאדע פון יונגע פאעטן, וועלכע טרעטן ארויס אויף דער ארענע פון דער אידישער ליטעראטור: ק. א. שפירא, מ. דוליצקי, נ. ג. אימבער, מ. ג. מאנע, וועלכע שרייבן וועגן דעם אידישן פאלק און זיין אלטן אי־עאל.

שפעטער האט אנגעהויבן קלינגען שטארק און קרעפטיג די לירע פון ח.־נ. ביאליק און ש. טשערניכאווסקי, און א דאנק זיי האט די אידישע ליטעראטור פארנומען א בכבוד׳יגן ארט צווישן דער אלוועלטליכער מאדערנער ליטעראטור.

אויפ׳ן געביט פון פראזע, האט אונזער ליטעראטור ארויסגערוקט א גאנצע רייע פון גרויסע טאלאנטן, צווישן וועלכע ס׳דארף אוועקגעשטעלט ווערן אויפן ערשטן ארט ש.־מ. אבראמאוויטש (מענדעלי מוכר ספרים), נאך אים י.־ל. פרץ, י. שטיינבערג און אנד. אויך די אידישע וויסנשאפט, פילאסאפיע און פובליציסטיק האבן געמאכט באדייטנדע שריט פאראויס. א באזונדערס גרויסע השפעה האט געהאט אויף יענעם דור א. י. גינצבערג (אחד העם), וועלכער האט געשטרעבט צו שאפן א סינטעז צווישן דעם אידישן גייסט און קאסמאפאליטיזם, און אויפבויען אין ארץ־ישראל א נאציאנאל־קולטורעלן צענטר.

אלעס, וואס מ׳האט אין די 80־טע יארן געטון און געשריבן לטובת דער אויפלעבונג פונם פאלק, זיין שפראך און לאנד האט געהייסן: „חובבי ציוניזם".

אין ענגסטן בונד מיט דעם געפונט זיך די געשיכטע פון דער אידישער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל דורך די אידישע פיאנערן, וועגן וועלכע, מיר וועלן רעדן אינם צווייטן קאפיטל.

---

*) a) ד״ר י. קלויזנער, די ניי־העברעאישע ליטעראטור. 2־טע אויסגאבע 1912 זייט 62־66.

b) N. Slousctz La langue et la literature hebraique, 1904, page 10, 26

**) D. Jellin. Die Renaissance der hebräischer sprache in Palestina „Welt" 1910 No. 41—42.

## II.

# די קאלאניזאציע פון ארץ־ישראל אין צוזאמענבונד מיט „חבת ציון".

„אונטערן דרוק פון דער שרעקליכער שנאה,
האט איר ניט אראפגעבויגן אייער קאפ,
איר זענט ניט געפאלן אלס קנעכט פון מאכטלאזיגקייט,
און די ארבעט און קאמף צווישן צרות און נויט,
אבער מיט גרויסן גלויבן אין צוקונפטיגע גצחונות
האבן אייך געטראגן די פרייע פליגל".

ש. פרוג (זיזער).

פון יענעם מאמענט, ווען די באוואוסטזיניגקייט פון די אידישע מאסן האט זיך אנגעהויבן ענטוויקלען, אונטער דער ווירקונג פון דער בילדונג, האבן די בעסטע אידן ניט אויפגעהערט צו טראכטן וועגן דעם, ווי צו פארוואנדלען א געוויסע טייל פונם אידנטום אין ערד־ארבעטער.

די פרובן זיינען ניט געלונגען, ווייל אין יענע לענדער, וואו ס'האבן זיך קאנצענטרירט די גרויסע אידישע מאסן, האבן זיי ניט געהאט די מעגליכקייט פריי אויסצוקלייבן א וואוין-ארט און דערפאר האבן זיי ניט געקאנט פעסט זיך באזעצן אויף דער ערד. ד. י. ווען ס'זיינען געוועזן טייער און נאענט די אינטערעסן פונם אידישן פאלק און זיין צוקונפט, האבן זיך געמוזט אפשטעלן אויפן געדאנק צו באזעצן א געוויסע צאל ערד־ארבעטער אויף דער הייליגער ערד, האפנדיג אזוי ארום צו שאפן א ענגערן בונד צווישן דער ערד און די, וועלכע באארבעטן זי. א שוואכן פרוב אין דער הינזיכט האט געמאכט דער באוואוסטער פילאנטראפ משה מאנטעפיארע נאך מיט יארן צוריק. אין 1855 האט ער געקויפט אין ארץ ישראל א קליין פלאץ ערד פאר א גארטן (באיארע). נאך א וויכטיגן שריט אין דער ריכטונג האט געמאכט אין 1870 די חברה „כל ישראל חברים" („אליאנס"), וועלכע האט לויט דער איניציאטיוו פון איר סעקרעטאר קארל נעטטער אויסגעפועלט אין קאנסטאנטינאפל, בא דער טערקישער רעגירונג, מ'זאל געבן 2600 דונאם ערד פאר א לאנדווירטשאפט־ליכער שול. די שול, וועלכע הייסט „מקוה ישראל", האט צוערשט ניט געהאט קיין גרויסע סימפאטיעס בא די ארטיגע אנוואוינער און האט קוים געקריגן 15 תלמידים. אבער דאס קערנדל איז שוין געווארפן געווארן און האט באוויזן זיך איינצעווארצלען,

זיי אויך געבן רעזולטאטן. שפעטער מיט 6 יאר האבן די ירושלים'ער אידן, שוין לויט זייער אייגענער איניציאטיוו, געקויפט אין א אראבישן דארף „מוללע בים", 15 קילאמעטער פון יפו, א שטיק־ערד, כדי זיך צו פארנעמען מיט ערד־ארבעט. דאס איז געווען די ערשטע קאלאניע אין ארץ ישראל און איר נאמען אליין — „פתח תקוה" (די טיר פון האפנונג) באווייזט, אז בא אירע גרינדער איז שוין דאמאלס געווען דער געדאנק, אז די קאלאניע דארף דינען אלס א אנהויב פאר דער גרינדונג פון א גאנצער שורה קאלאניעס, און דאס איז דער ערשטער שריט, כדי צו פארווירקליכן די טויזנטיעריגע האפנונג פונם אידישן פאלק — צוריק אומקערן זיך א היים. ס'זיינען פאריבער נאך עטליכע יאר און אין ארץ־ישראל איז געגרינדעט געווארן א קאלאניע פון אידן מחוץ־לארץ. די פאגראמען האבן געדינט אלס וויכטיגסטע סבה בא דער גרינדונג פון אט דער קאלאניע.

אינ'ם אלגעמיינעם עמיגראציאנס שטראם, וועלכער האט ארומגעכאפט די אידישע שטעט און שטעטליך נאך די פאגראמען, האט זיך אויסגעטיילט א קליינע הייפעלע אינטעליגענטע יוגנט, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען ניט נאר מיטן ווילן צו זוכן לעבנס־מיטלען פאר זיך, נאר מיט מעהר אידעאלע שטרעבונגען. און אט די יוגנט איז אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל. דארט האבן זיי געקויפט א פלאץ ערד, וועלכער ליגט אין א מרחק פון $1^1/_2$ שעה וועג פון יפו, און ט' אב תרמ"ב (18/30 יולי 1882) איז געגרינדעט געווארן די קאלאניע „ראשון לציון". מיט זיי האבן זיך פאראייניגט די טייל פון דער כארקאווער יוגנט, וועלכע איז אונז באקאנט אונטערן נאמען „בילו־יצעס" און מ'האט זיך צוזאמען פלייסיג גענומען צו דער ארבעט. בכלל איז דער 82־טער יאר זעהר וויכטיג פאר דער געשיכטע פון דער אידישער קאלאניזאציע אין ארץ ישראל. חוץ „ראשון לציון" זיינען געגרינדעט געווארן אין יענעם יאר „ראש פנה", ודי־אל־חנין" און „זכרון יעקב". פון זיי איז „ודי אל־חנין" געגרינדעט געווארן דורך רוסישע אידן און „ראש פנה" מיט „זכרון יעקב" — פון רומענישע אידן. די ניט גענוגנדע געלט מיטלען, דאס ניט וויסן פון די ארטיגע באדינגונגען און ניט געלונגענער אויסוואל פונם באדן, האט געשטעלט די קרבנות־פעהיגע פיאנערן אין א זעהר שווערער לאגע. אייניגע פון זיי האבן זיך געפונען אין אזא לאגע, אז ווען ס'קומט ניט די געהעריגע הילף, יואלטן זיי געליטן הונגער און אנדערע שרעקליכע צרות. ניט אלע האבן געהאט די נויטיגע ענערגיע אין דער גענוגנדער מאס, כדי צו קעמפן ביזן סוף, און אייניגע האבן געמוזט זיך אפזאגן פונם שעהנעם געדאנק — ארבעטן פארן אויפבוי פון דעם אייגענעם לאנד. נאר צווישן דעם קליינעם הייפעלע קעמפער פאר דער הייליגער זאך האבן זיך געפונען ניט ווינציג אזעלכע, וואס זיינען געווען גרייט אויף אלע קרבנות, כדי צו פארווירקליכן דעם נאציאנאלן אידעאל. ס'האבן זיך געפונען

אויך מענשן, וועלכע האבן זיי צייטווייליג געהאלפן. אויפן ערשטן ארט שטעהט אין דער היינזיכט דער באקאנטער סער אליפאנט. ער האט דער ערשטער דערלאנגט די אידישע קאלאניסטן די ברידערליכע הילף און האט מיט דעם פארשטארקט זייער ענערגיע אין א צייט פון יאוש. די איינצעלנע הילף האט אבער נאנץ ווינציג געקאנט אויסהעלפן דער וויכטיגער און שווערער ארבעט, נעמענדיג באזונדערס אין באטראכט די שטערונגען, מיט וועלכע מ'האט באדארפט קעמפן די ערשטע צייט. דא איז געוועזן נויטיג א גרעסערע הילף און זי איז טאקע אנגיכן געקומען. אין פילע ערטער זיינען געגרינדעט געווארן קרייזלעך „חובבי-ציון", וועלכע האבן זיך געשטעלט אלס ציל צו שטיצן און פארזעצן די קאלאניזאציע פון ארץ-ישראל. די רעזולטאטן פון דער איבערגעבנהייט און עהרליכער ארבעט פאר דער זאך האט זיך באלד ארויסגעוויזן. ניט קוקנדיג אויף אלע שטערונגען, וועלכע זיינען געליגן אויפן וועג. פון דער אידישער קאלאניזאציע פון ארץ-ישראל, איז זי דאך לאנגזאם געגאנגען פאראויס און אין איצטיגן מאמענט דערגרייכט די צאל קאלאניסטן ביז 7250 נפשות מיט 440.000 דונאם ערד. לויט די מיינונגען פון די אויפריכטיגסטע און עהרליכסטע אויספארשער*) געפונען זיך כמעט אלע געגרינדעטע אידישע קאלאניעס אויפן וועג צום וואוילשטאנד און ס'איז זיכער, אז די רעזולטאטן וואלטן געוועזן באדייטנדער, ווען די קאלאניזאציע וואלט געפירט געווארן בא מעהר נארמאלע באדינגונגען, ווען מ'וואלט ניט באדארפט ארבעטן אזוי שנעל, ווי ס'זיינען געצוואונגען געוועזן די ערשטע עולים, און אויסער דעם, ווען אין דער הייליגער ארבעט וואלט זיך ניט ארייגעמישט די נידריגסטע אינסטינקטן פון מענשן, וועלכע האבן ניט געקאנט אפילו אין יענער שרעקליכסטער פאר אונזער פאלק צייט, זיך אפזאגן פון זייערע פערזענליכע ניט אנשטענדיגע אינטערעסן. אבער דער קליינער ערפאלג, וועלכן ס'האבן דערגרייכט די „חובבי ציון", איז אויך אנגעקומען זעהר שווער און א דאנק פילע אויסערארדנטליכע אנשטרענגונגען. וועגן דעם קאמף, זיינע נצחונות און מפלות וועלן מיר איצט רעדן.

זייענדיג צוזייט און צושפרייט, האבן די איינצעלנע קרייזלעך פון די „חובבי-ציון" פארגעשטעלט מיט זיך א גאנץ קליינע אומבאדייטנדע קראפט פאר דער גרויסער ארבעט, וועלכע איז פארגעשטאנען און דערפאר איז צווישן די אנפירער פון די קרייזלעך, וועלכע האבן עס פארשטאנען—אויפגעשטאנען דער געדאנק צו פאראייניגן זיך פאר דער געמיינזאמער ארבעט. דער ראש פון די ווארשעווער

*) מ. סמעליאנסקי, רעזומירנדיג זיינס אנ'ארטיקל, שרייבט וועגן צושטאנד פון די קאלאניעס: „די קאלאניעס זיינען שוין ארויס פונ'ם געפערליכן פעריאד פון זייער ענטוויקלונג, קיין איינע פון זיי (חוץ „מחנים" און „עין-זיתים") געפונט זיך שוין ניט מער אין געפאר צושטערט צו ווערן און אין זייער ענטוויקלונג אין דער צוקונפט דארף מען שוין ניט צווייפלען „השלח" 1912, פעווראל.

קרייזלעך ש. פ. ראבינאוויטש (וועלכער איז מעהר באקאנט אונטערן נאמען „שפר״ האט אנגעהויבן אגיטירן פאר א צוזאמענפאר פון די „חובבי-ציון״, כדי זיך צו פאראייניגן. דער זעלבער געדאנק איז אויך ענטשטאנען צווישן די אדעסער קרייזלעך. אין 1883 יאר האט דער ד״ר ל. פינסקער איינגעלאדן צו זיך דעם פראפ. הערמאן שפירא, ליליענבליום און ד״ר מאנדעלשטאם (פון קיעוו). אויף דער זיצונג איז אנגענומען געווארן א רעזאליוציע וועגן דער נויטווענדיגקייט צו שאפן א צענטראלן ארגאן, כדי צו פארווירקליכן דעם קאלאניזאציאנס פלאן פון ארץ ישראל, פאראייניגן אלע קרייזלעך אין רוסלאנד און זארגן פאר א ערלויבניש צו גרינדן א געהעריגע געזעלשאפט.

מיט א פאר וואכן שפעטער איז פארגעקומען די צווייטע גרעסערע פארזאמלונג, אויף וועלכער ס׳איז אויסגעוועהלט געווארן א פארוואלטונג (פינסקער — פארזיצער און ליליענבליום סעקרעטאר). באלד זיינען צושיקט געווארן בריף אין פארשידענע שטעט מיטן פארשלאג צו פאראייניגן זיך צו דער רעזאליוציע פונ׳ם אדעסער קרייזל. אין דער זעלבער צייט האט צעדערבוים, רעדאקטאר פונ׳ם „המליץ״, גענומען אויף זיך, לויט ליליענבליום׳ס פארשלאג, ארויסצובאקומען א ערלויבניש אויף צו גרינדן די געזעלשאפט. דאס אדעסער קרייזל האט זיך ענערגיש גענומען צו דער געלט-זאמלונג און אין משך פונ׳ם ערשטן יאר, איז שוין אפגעשיקט געווא״ן אין די קאלאניעס העכער פון 1000 רובל.

אנהויב נאוועמבער 1884 יאר איז פארגעקומען דער קאטאוויצער צוזאמענפאר, אויף וועלכן דער ד״ר פינסקער האט זיך באטייליגט אלס דעלעגאט פונ׳ם אדעסער קרייזל. ער איז אויך אויסגעוועהלט געווארן אלס פארזיצער פונ׳ם צוזאמענפאר און אין זיין איינטריטס רעדע האט ער פארגעלעגט אויסניצן די אלגעמיינע שטרעבונג צו שאפן א נוצליכע זאך אין אונזער הייליג לאנד אויף מ. מאנטעפיארעס נאמען, און גרינדן א פארבאנד מיט׳ן צוועק צו ענטוויקלען ערד און ארבעט צווישן אידן, דורך דער גרינדונג פון לאנדווירטשאפטליכע קאלאניעס אין ארץ-ישראל.

די פארזאמלונג האט מסכים געווען מיט׳ן פארזיצערס פארשלאג, און אלס רעזולטאט פון דעם, איז געגרינדעט געווארן די געזעלשאפט „מזכרת משה״. ס׳איז באשלאסן געווארן באלד העלפן, ווי געהעריג, די עקזיסטירנדע שוין דאמאלס קאלאניעס „יסוד המעלה״ און „פתח תקוה״. פאר דער ווייטערדיגער טעטיגקייט איז אויסגעוועהלט געווארן א קאמיטעט, וועלכער האט זיך געפונען אין אדעס. דער קאמיטעט אין שפיץ מיט׳ן ד״ר פינסקער האט באשלאסן צו העלפן נאר די קאלאניעס, וועלכע דער באראן ראטשילד האט ניט געשטיצט.

ס׳זיינען פאריבער צוויי יאר און די ארבעט איז געווארן שוואכער. ניט קוקנדיג אויף אלע אויפרופן און צירקולארן פלעגן די נדבות אנקומען אין זעהר א קליינער

מאס. ס'איז באשלאסן געווארן דאמאלס צונויפרופן א צווייטן צוזאמענפאר, וועלכער איז פארגעקומען אין דרוסקעניק דעם 15-טן יוני 1887 יאר.

אויף דעם צוזאמענפאר איז באשלאסן געווארן פאלגנדעס:

1) בעטן די רוסישע רעגירונג, אז זי זאל ערלויבן צו גרינדן א אפיציעלע ארץ-ישראל געזעלשאפט.

2) גרינדן אין ארץ-ישראל א ביורא, וועלכע זאל זאמלען אלע ידיעות וועגן די ערד-פלעצער, וואס ווערן פארקויפט, כדי צו אינפארמירן די פערזאנען, וועלכע האבן בדעה באזעצן זיך אין ארץ-ישראל.

3) שטיצן די קאלאניסטן און די עולים.

4) איינארדנען גענצליך די קאלאניע „גדרה", ווי אויך שטיצן די קאלאניעס „פתח תקוה" און „יסוד המעלה".

אינ'ם ניי געוועהלטן קאמיטעט זיינען געווען, אגב, אויך דריי רבנים: בערלין, עליאשבערג און מאהילעווער. אלס פארזיצער איז ווידער אויסגעוועהלט געווארן דער ד"ר ל. פינסקער.

דער צוזאמענפאר האט באשלאסן דעלעגירן פארשטעהער אין פארשידענע שטעט, כדי צו פראפאגאנדירן דעם ציוניסטישן געדאנק. צו דעם צוועק האט דער ד"ר פינסקער באזוכט בערלין, פראנקפורט אם-מיין און פראנקפורט באם אדער. די ביורא, וועלכע מ'האט געזאלט גרינדן אין יפו, האט באדארפט אויך זוכן מיטלען, ווי צו באקומען פו'ן דער טערקישער רעגירונג א ערלויבניש פאר די אידן צו קאלאניזירן ארץ-ישראל. באלד נאכ'ן צוזאמענפאר האט זיך באמערקט א געוויסע באוועגונג אויך צווישן דער ארטאדאקסאלער טייל פונ'ם אידנטום. אין ארץ ישראל גופא איז די ארבעט פון די „חובבי-ציון" געווארן א לעבהאפטע. די ביורא אין יפו איז ניט געגרינדעט געווארן און אנשטאט דעם איז דער ה' י. מ. פינעס באשטימט געווארן אלס אדמיניסטראטאר פון דער קאלאניע „גדרה", אויף וועלכער ס'האט זיך דאמאלס קאנצענטרירט די גאנצע אויפמערקזאמקייט און טעטיגקייט פונ'ם קאמיטעט.

שפעטער מיט צוויי יאר נאכ'ן צוזאמענפאר אין דרוסקעניק האט דער ד"ר פינסקער זיך אפגעזאגט פונ'ם פארזיץ און ס'איז באשלאסן געווארן ווידער צו רופן א דריטן צוזאמענפאר קיין ווילנע, וואוהין ס'זיינען זיך צונויפגעקומען 28 דעלעגאטן פון 25 קרייזלעך. די מערהייט פון די דעלעגאטן איז באשטאנען פון ארטאדאקסן און דער רב מאהילעווער, דער איניציאטאר פונ'ם צוזאמענפאר, איז אויך געווען דער וויכטיגסטער טוער אויף אים. אנשטאט דעם ד"ר פינסקער, וועלכער האט זיך אפגעזאגט, איז אויסגעוועהלט געווארן א קאלעגיע, אין וועלכער ס'זיינען אריין ש. י. פין, הרב מאהילעווער און א. גרינבערג. מ'האט באשלאסן ארויסגעבן בראשורן, וועגן דער ארץ-ישראל'דיגער קאלאניזאציע, כדי צו פראפאגאנדירן דעם ציוניסטישן געדאנק אין

די אידישע שטעט און שטעטלעך. דער קאמיטעט האט אויך באדארפט, לויט'ן באַ-שלוס פונ'ם צוזאמענפאר, צוקויפן נאך ערד פאר די קאלאניעס „גדרה", „פתח-תקוה" און „יסוד המעלה". 70 פראצ. פון די הכנסות, איז באשלאסן געווארן, דארף די „חובבי-ציון"-ארגאניזאציע אויסגעבן אויף שטיצע די אלטע קאלאניעס און פאר די איבריגע — 30 קויפן נייע ערד.

דעם 9-טן פעווראל 1890 איז באשטעטיגט געווארן דער סטאטוט פון דער חברה „צו שטיצן די עוד'ארבעטער און בעלי-מלאכות אין ארץ-ישראל און סיריע", און דעם 14-טן אפריל דעם זעלבן יאר, איז פארגעקומען אין אדעם די ערשטע אל-געמיינע פארזאמלונג, כדי אויסצעוועהלן א קאמיטעט. ס'האבן זיך באטייליגט 162 דעלעגאטן. דער ניי אויסגעוועהלטער קאמיטעט, מיט'ן ד"ר פינסקער בראש, איז באלד צוגעטראטן צו דער ארבעט, וועלכע איז געווען זעהר פרוכטבאר. אין משך פון 10 יאר האט דער קאמיטעט פארענדיגט די קאלאניעס „גדרה" און „קסטיניה", און האט ארויסגעגעבן גרויסע סומען די קאלאניעס „פתח תקוה" „ודי אל-חנין", רחובות (1891) „משמר-הירדן" און „חדרה". אויסער דעם האט דער קאמיטעט געשטיצט די קאלאניסטן פון די אנדערע קאלאניעס. דער קאמיטעט האט אויך ארויסגעגעבן די ארבעטער 35.000 פראנק, די בעלי-מלאכות 28.000 פראנק און דער יפו'ער שולע איבער 40.000 פראנק. בס"ה האט די געזעלשאפט אויסגעגעבן אין משך פון איר צעהן יעריגער טעטיגקייט בא א האלבן מיליאן רובל. וועגן דער וויטערדיגער ארבעט פונ'ם אדעסער קאמיטעט רעדן מיר נידריגער.

דער מיטגעפיל און שטיצע פונ'ם אידישן פאלק, פאר די ערשטע קאַ-לאניסטן פון אונזער אלטער היים, האט זיך אויסגעדריקט אין דער גרינדונג פון „חובבי ציון"-חברות, וועלכע זיינען געווען צעווארפן איבער גאנץ איירעפע און אמעריקע. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען:

1) דער גאלאצער צענטראל קאמיטעט פאר רומעניען, וועלכער איז באשטאַ-נען פון פארשטעהער פון פארשידענע אידישע קהלות.

2) דער פארבאנד „עזרה" אין בערלין, אין וועלכן ס'זיינען אריין 40 ארטיגע גרופן, מיט 2.000 מיטגלידער. אזעלכע פארבאנדן זיינען אויך געגרינדעט געווארן אין קעלן און האמבורג.

3) די „חובבי-ציון געזעלשאפט" אין לאנדאן, וועלכע האט געהאט מעהר פון 2000 מיטגלידער.

4) „חובבי-ציון" אין אמעריקע, און

5) „ישוב א"י ישראל" אין פאריז.

די אלע אויסגערעכנטע קרייזלעך און געזעלשאפטן זיינען אין אנהויב פ'ן די 90-טע יארן געווען פאראייניגט ארום דעם „פאריזער צענטראל קאמיטעט".

מעהר פון אלעמען האט אויף דער ארץ ישראל־קאלאניזאציע אויסגעגעבן דער באראן עדמאנד ראטשילד. אין 1884 יאר האט דער באראן אונטער דער ווירקונג פון דער השתדלות פונ'ם ראשון לציון דעלעגאט, פיינבערג, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט, לויט די ביטעס פון ערלאנזשער'ן און הרב מאהילעווער, גענומען אינטער זיינע פליגל די קאלאניעס „ראש פנה", „ראשון לציון" און „זכרון יעקב". אין 1899 יאר זיינען אונטער דעם באראנ'ס אדמיניסטראציע געווען ניין קאלאניעס: „ראשון לציון" און „עקרון" — אין יהודה; „פתח תקוה" און „זכרון יעקב" — אין שומרון; „עין זיתים", „ראש פנה", „יסוד המעלה" און „מטולה" — אין גליל און „דזמין" אין עבר הירדן. ביז'ן 1898 יאר האט דער גרויסער פילאנטראפ אויסגעגעבן אויף קאלאניזאציע א קאלאסאלע סומע, איבער 30 מיליאן פראנק. גרויס זיינען די פארדינסטן פונ'ם באראן ראטשילד אין דער ארץ ישראל-קאלאניזאציע. קיין שום מיסערפאלגן האבן ניט געקאנט אפשוואכן דעם אינטערעס פון אט דעם גרויסן פילאנטראפ צו דער אנגע-הויבענער דורך אים ארבעט. ניט פארלירנדיג אליין דעם מוט, האט ער נאך אונטער-געהאלטן און געשטארקט די ענערגיע בא די קאלאניסטן, וועלכע האבן אפט געהאט איבערצוטראגן פארשידענע אומגליקן. ס'איז אינטערעסאנט דעם באראנ'ס ענטפער אויף דער דעפעשע פון זכרון יעקב, אז דארט האט זיך באוויזן די „פילאקסערא" — (א פליג, וועלכע פארדארבט די וויינגערטנער. ער איז געווען קורץ: „בארוהיגט די קאלא-ניסטן"! דער גרויסער איד האט פארנומען אויף אייביג דעם שענסטן ארט אין די הערצער פון די אידן, וועמען ס'איז טייער דער אויפבוי פון זיין הייליג לאנד און זיינע פיאנערן.

אין 1896-טן יאר האט די „אידישע קאלאניזאציאנס געזעלשאפט" (יק"א), וועלכע האט געירשנט דעם גרויסן פארמעגן פונ'ם באראן הירש, אויך געווענדעט איר אויפמערקזאמקייט אויף ארץ-ישראל. זי האט צוערשט באשלאסן אויסבויען פאלקאם די קאלאניעס, וועלכע דער באראן ראטשילד האט ניט געשטיצט, און גרינדן נייע ישובים. בס"ה זיינען די הוצאות פון דער געזעלשאפט אין ארץ-ישראל פאר די יארן 1896—99 באשטאנען אין פאלגענדעס: פאר „הדרה", „רחובות" און „ודי-אל-חנין" איז ארויסגעגעבן געווארן 900.000 פראנק, כדי איינצוארדנען דארט א גאנצע רייע משפחות. פאר „משמר הירדן" איז אסיגנירט געווארן 250.000 פראנק.

פונם 1900-טן יאר האט דער באראן ראטשילד איבערגעגעבן אין רשות פון דער „יקא" אויך די קאלאניעס, וועלכע ער האט געשטיצט און פון דעם מאמענט אן האט זיך געשאפן אזא לאגע, אז מ'האט זיך נעמוזט פארטראכטן וועגן דער צוקונפט פון די קאלאניעס. מ'האט אויך געמוזט אנהויבן טראכטן איבערהויפט וועגן דער לאגע פון דער גאנצער ארץ-ישראל־קאלאניזאציע, און כדי מיר זאלן

עס גרינגער קאנען פארשטעהן איז וויכטיג זיך אפשטעלן, לפחות קורץ, אויפ'ן **שיקזאל פון דער ערשטער ארץ-ישראל-קאלאניזאציע***).

די קאלאניסטן פון „פתח-תקוה", וועלכע האבן זיך באזעצט לעבן א טייך האבן שטארק געליטן פון דער מאליאריע און די מערהייט פון זיי האט געמוזט אוועקגעהן. אין 1883-טן יאר איז א טייל פון זייער ערד אפגעקויפט געווארן דורך די עולים פון ביאלאסטאק. די געזעלשאפט „חובבי-ציון" האט אויסגעבויט פאר די דאזיגע עולים 18 הייזער אויף א געזונטערער און העכער ליגנדער ערד און די איבערוואנדערער, וועלכע האבן זיך פארנומען מיט ערד-ארבעט, האבן אנגעהויבן פלאנצן וויין-גערטנער און פרוכטן-ביימער. אין 1887-טן יאר האט דער באראן ראטשילד געקויפט א טייל פון דער פארבליבענער ערד און ארום די זומפן האט ער איינגעפלאנצט פיל עקוואליפטוסן. אין דער קאלאניע איז פארפלאנצט געווארן א מיליאן וויינלאזן, חוץ דעם, א גרויסע צאל אפעלסינען, לימאנען און אנדערע ביימער. אין 1909-טן יאר האט די באפעלקערונג פון דער קאלאניע דערגרייכט ביז 1600 נפשות**)

די ערשטע קאלאניע „ראשון לציון", איז געגרינדעט געווארן אויף אזא ערד, וועלכע האט געהאט ביז 96 פראצ. זאמד. דער קלימאט איז געווען זעהר ניט געזונט. דער באדן, ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזן, האט ניט געטויגט פאר ערד-ארבעט. לויט'ן פלאן פונ'ם אגראנאם, וועלכן ס'האט געשיקט דער באראן ראטשילד, איז באשלאסן גע-ווארן צו פארבייטן די ערד-ארבעט אויף וויינגערטנעריי, וועלכע האט זיך פון דאנען פארשפרייט איבער די אנדערע קאלאניעס. היינט שטעלט מיט זיך פאר די דאזיגע קאלאניע א רוישנדע שטאט, וואו דאס לעבן זידט און קאכט, באזונדערס אין דער צייט, ווען מ'נעמט אראפ און מ'פירט צונויף די וויינטרויבן. די באפעלקע-רונג פון דער קאלאניע באשטעהט פון 900 נפשות***). דער ערד-פלאץ באטרעפט

---

*) פאר דער געשיכטע פון די אי-קאלאניעס האבן מיר זיך באנוצט מיט פאלגענדעם: א) מ. ג. מאיראוויץ. די באשרייבונג פון די אידישע קאלאניעס אין ארץ ישראל; ב) י. חיסין. דאס געבאטענע לאנד. „וואסכאד" 1895; ג) בערקענהיים. די קאלאניזאציאנס באוועגונג פון די רוסישע אידן קיין ארץ-ישראל און ארגענטינע „וואסכאד" 1895; ד) מ. ל. ליליענבליום. „דרך לעבור גולים"; ה) לוי בן יעקב. די אידישע קאלאניעס אינם הייליגן לאנד. זאמלונג „וועסטניק סיאָנא" II חלק; ו) איבערבליק איבער דער טעטיגקייט פון דער „געזעלשאפט צו העלפן די אידישע ערד-ארבעטער און בעלי-מלאכה אין סיריע און ארץ-ישראל" פאר צענ-יעריגער עקזיסטענץ און אנד.

**) ד. טריטש. אריינפיר פאר דער שטודירונג פון מאדערנעם ארץ-ישראל. 1912 זייט 135—134.

***) אין דער גרינדונג פון דער קאלאניע האבן זיך באטייליגט 10 מאן, פון וועלכע דריי (א. פריימאן, ר. אדעלעוויץ און וו. אבראמאוויץ) לעבן נאך עד היום אין דער קאלאניע (די וועלט 1907 No 30)

920 העקטאר. ס'איז צוגעקויפט געווארן פאר דער קאלאניע 3500 דונאם אין דארף „בית-גין". ס'איז פאראן אנדערהאלבן מיליאן לאזן, ס'ווערט אויסגעארבעט יערליך בא 15.000 העקטאליטערן ווין און קאניאק. די קאלאניע ווערט פארוואלטעט דורך א קאמיטעט פון געוועהלטע מיטגלידער. די קאלאניסטן האבן אויסגעבויט אויף זייערע אייגענע מיטלען א פאלקס-הויז „בית-עם", וואו ס'געפונט זיך א ביבליאטעק מיט לעזע-זאל, וועלכע באקומט ביז 50 ציטונגען און זשורנאלן, א קינדער-גארטן, א שפיטאל און אנדערע אנשטאלטן.

אין א ערגערער לאגע האבן זיך געפונען באם אנהויב די גרינדער פון „גדרה". ניט האבנדיג קיין געלט-מיטלען אויסצובויען זיך מעהר אדער ווינציגער באקוועמע וואוינונגען, האבן אייניגע קאלאניסטן געמוזט וואוינען עטליכע יאר אין געצעלטן און „זעמליאנקעס", וועלכע פלעגן אינ'ם רעגן-סעזאן זיין פול מיט וואסער און אין די היצן האט מען אין זיי געקאנט ממש דערשטיקט ווערן. אנדערע קאלאניסטן, בעלי-משפחות, פלעגן מוזן וואוינען מיט די ווייבער און קינדער אין הייזלעך, אויף גיך צונויפגעקלאפטע פון ברעטער, וואס זיינען ניט געווען אויסגעשמירט, ניט פון דרויסן און ניט אינוועניג. זייענדיג כמעט שטענדיג האלב-הונגעריג, האבן דאך די קאלאניסטן פון „גדרה" מיט א באזונדערער עקשנות-דיגער ענערגיע און ליבע אפגעריינגט די פארווארלאזענע ערד פון די ווילדע גראזן און קליינע שטיינדלעך, גראבנדיג קליינע גריבעלעך פאר די ווייך-לאזן און בוימער. אום צו פארקלענערן זייער דארשט, פלעגן די קאלאניסטן בא דער שווערער ארבעט טרינקען אזא וואסער, וועלכע איז געווען שרעקליך שמוציג און בלאטיג. גענוג צרות זיינען אויסגעשטאנען אויך די קאלאניסטן פון „זכרון יעקב". ווען ניט די הילף פון אליפאנט, וועלכע איז געקומען צו דער צייט, וואלטן די קאלאניסטן געמוזט ליידן אלע אומגליקן פון הונגער אין דער פרעמד, ס'איז אזוי ווייט פארגאנגען, אז ערב שבועות האבן די קאלאניסטן געמוזט פארזעצן דאס ספר תורה און דאס געלט איינטיילן צווישן זיך צו א „מעדזשיד" (א טערקישע מטבע) אויף א משפחה. דער הונגער איז באגליימ געווארן, נאטירליך, מיט פארשידענע שלאפקייטן ווען ניט דעם באראנ'ס הילף, וואלט פון דער קאלאניע ניט פארבליבן קיין סימן אפילו. איצט האט די קאלאניע א באפעלקערונג פון 870 נפשות, פאראן דארט א דארף-מיהל, וואסער-ליטונג, בוימער-ארانזשעריע, געפלאסטערטע גאסן, גרויסע ווייך-קעלערס און אנד.

די גרינדער פון „ראש פנה" האבן זיך אויך געפונען אין זעהר א טרויעריגער לאגע, א דאנק א אומגליקליכן צופאל: צוליב אומפארזיכטיגקייט, איז בא דער ארבעט דערהרג'עט געווארן אנ'אראבער און ס'האט זיך אנגעהויבן א פראצעס, וועלכער האט אפגעקאסט דער קאלאניע א מאסע געלט. די קאלאניע איז פאלקאם רואינירט געווארן.

אויך דא איז צו דער צייט אונטערגעקומען דעם באראנ'ס הילף. א לענגערע צייט אבער, האבן די קאלאניסטן געליטן פון דעם, וואס זיי האבן געהאט קליינע ערד-פלעצער. נאך א 15 יעריגער פארוואלטונג פון דעם באראנ'ס אדמיניסטראטארן, האט די קאלאניע באקומען זעלבסט-פארוואלטונג און די ענדערונג האט גיך געבראכט גוטע רעזולטאטן. אצינד ארבעט יעדער קאלאניסט זעהר פלייסיג, ווילנדיג שאפן זיך א זעלבסשטענדיגע עקזיסטענץ. אין דער קאלאניע געפונען זיך אלע נויטיגע געזעל-שאפטליכע אנשטאלטן, א קליינער פארק, בא האלבן מיליאן וויין-לאזן און 20.000 טוטן־בוימער.

א ביטערן מזל האבן געהאט אויך די קאלאניסטן פון „יסוד המעלה", וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין 1883-טן יאר דורך די איינוואנדערער פון מעזשירעטש. ניט וויסנדי'ג די ארטיגע טערקישע געזעצן, האבן די קאלאניסטן זיך באזעצט מיט זייערע משפחות אויף דער ערד און אנגעהויבן בויען הייזער, נאך איידער זיי האבן באקומען די קויף־אקטן. די טערקישע אדמיניסטראציע האט זיי פארבאטן צו בויען הייזער און די קאלאניסטן זיינען געצוואונגען געווען צייטווייליג זיך באזעצן אין הייזלעך פון סכך. אין משך פון די ערשטע פיר יאר האבן די קאלאניסטן שטארק געליטן פון פארשידענע צרות און גזירות. ערשט אין 1887־טן יאר איז זייער לאגע פארבעסערט געווארן און אין 1889 האט דער באראן אנגעהויבן צו שטיצן די קאלא-ניסטן. לכתחילה האט מען גערעכנט איינפירן אין דער קאלאניע פלאנטאציעס פון ראזעס. מ'האט אויך אויסגעבויט דארט א פאבריק אויסצוארבעטן עסענציע פון ראזעס און אנדערע בלומען. נאר נאך דער ערפארונג פון עטליכע יאר, וואס האט אפגעקאסט גענוג געלט, איז דער געדאנק אפגעווארפן געווארן. די איינגעשאפטן פונ'ם באדן, די וואסער, וועלכע איז דארט פאראן, ערלויבן זיך צו פארנעמען מיט ערד ארבעט, פיה-צוכט, גערטנעריי און פישעריי. נאך דעם, ווי די קאלאניע האט זיך באפרייט פון דעם באראנ'ס אדמיניסטראציע און האט באקומען זעלבסטפארוואלטונג, זיינען די געשעפטן פון די קאלאניסטן (250 נפשות) אוועק זעהר גוט און זייער צוקונפט קאן מען רעכנען פאר גענוג געזיכערט. ליידער, איז דער קלימאט דארט א דאנק דעם זומף „אל-חולה", וועלכער טרוקנט ניט אויס, זעהר שלעכט.

צו די ערשטע קאלאניעס, וועלכע דער באראן האט געשטיצט, געהער אויך „עקרון". געגרינדעט איז די קאלאניע לויט דער איניציאטיוו פונם רב מאהילעווער, וועלכער האט פארגעלעגט דעם באראן שאפן א קאלאני'ע פון געבוירענע ערד־ארבעטער. מיט'ן באראנ'ס הסכמה, זיינען אויסגעוועהלט געווארן פון איינער פון די רוסיש־אידישע קאלאניעס 11 מעהר ארבעטס־פעהיגע קאלאניסטן־משפחות, וועלכע זיינען באשטאנען פון 101 נפש, (54 מענער און 47 פרויען) און איבערגעפירט

עוואָרן קיין ארץ־ישראל. ביז מ׳האָט זיי געקויפט ערד, האָט מען זיי צייטווייליג באַזעצט אין דער לאַנדווירטשאַפטליכער קאָלאָניע „מקוה ישראל׳, וואו זיי האָבן אויס־געפילט פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבעטן. ערשט אין 1884 יאָר האָט מען זיי קאָלאָניזירט אויף דער געקויפטער ערד לעבן דאָרף עקר, וואָס האָט אַמאָל געהייסן עקרון, אַ דאַנק דעם, וואָס ס׳איז געווען ווינציג באַדן, ס׳איז ניט געווען וואו צו פוטערן די בהמות, האָבן די קאָלאָניסטן זיך געפילט שטאַרק פאַרענגט. די שלעכטע גרעסטענישן פון די ערשטע צוויי יאָר האָבן נאָך מעהר פאַרערגערט זייער לאַגע. מ׳האָט געמוזט אומבאַדינגט פאַרגרעסערן די ערד־חלקים. נאָר אַנשטאָט דעם, וואָס דאָס איז געווען דער איינציגער רעטונגס־מיטל, האָט דעם באַראָן׳ס אַדמיני־סטראַציע באַשלאָסן פאַרבייטן די ערד-אַרבעט אויף גערטנעריי און אַזוי אַרום פאַר־וואַנדלען די געבווירענע און ערפאַרענע ערד-אַרבעטער אין גערטנער. נאַטירליך, אַז דער פּרוב איז ניט געלונגען און האָט געגעבן זעהר טרויעריגע רעזולטאַטן. לעצטנס האָבן די קאָלאָניסטן זיך צוריק אומגעקערט צו ערד־אַרבעט.

באַזונדערס שווער איז געווען די לאַגע פון די קאָלאָניסטן פון „חדרה׳, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891-טן יאָר, אויפ׳ן באַדן, וועלכער איז נאָך אין 1883-טן יאָר אָפּגעקויפט געוואָרן דורך די „קאָלאָניזאַציאָנס פאַראייניגן׳ פון ריגע, ווילנע און קאָװנע. די פּיאָנערן האָבן פרייוויליג אויף זיך גענומען דאָ באמת שרעק־ליכע מאַטערנישן -- צו באַזעצן זיך אויף דער ערד, וואו ס׳האָט געהערשט די עפּידע־מיע פון געלער קדחת, וואָס האָט אַרויסגעריסן פון צווישן די קאָלאָניסטן אַזוי פיל קרבנות, אַז ממש גאַנצע משפחות פלעגן אויסשטאַרבן און זייערע הייזער זיינען געשטאַנען מיט פאַרקלאַפּטע פענסטער, דינענדיג אַלס לעבעדיגע עדות פון דעם, ווי ס׳האָבן ליב גע־האָט דאָס איינענע שטיקל ערד און ווי ס׳זיינען געשטאַרבען פאַר איהם אונזערע ערשטע פּיאָנערן. פאַר אַט דעם שווערן קאַמף פאַר דער צוקונפט האָט קיינער זיך ניט איבערגעשראָקן און ניט אַנטלאָפן פונם שלאַכט־פעלד. דערפאַר האָט דער „חדרה׳־באַדן, וועלכער איז באַנעצט געוואָרן ניט נאָר מיט אידישן שווייס, נאָר אויך מיט אידיש בלוט, געגעבן גלענצנדע פּירות. אַ געדיכטער וואַלד פון עקוואַליפּטן האָט געזונט געמאַכט אַ ערד-שטרעקע פון 29250 דונאַם, וועלכע זיינען איצט באַפלאַנצט מיט פרוכט־בוימער, וויינגערטנער, תבואות, אין 200 נפשות לעבן און אַרבעטן דאָרט. ס׳איז פאַראַן אַ שולע, אַ קינדער־גאָרטן און 2 קרעדיט געזעלשאַפטן. די נאָענטקייט צום ים פאַרשפּרעכט דער קאָלאָניע, וועלכע האָט שוין גענוג זיך אַנגעמאַטערט, אַ גלענצנדע צוקונפט*)

*) דער אידישער לוח „קדימה״ פאַר תרע״ב. זייט 183.

א שווערע שולע, ווי מיר זעהען, האבען דורכגעמאכט אונזערע ערשטע פיאנערן פון דער ארץ־ישראל׳דיגער קאלאניזאציע. דאס וואס זיי האבען ניט געקאנט דאס לאנד אין ניט געוואוסט די קאלאניזאציאנס באדינגונגען, האט געבראכט גרויסע צרות, וועלכע ציהען זיך, ווי א רויטער פאדעם, איבער דער גאנצער געשיכטע פון אלע קאלאניעס. און ניט ווילנדיג, באקומט מען רעספעקט פאר די ערשטע טוער, וועלכע האבען אליין איבערגעטראגען אט די אלע שוועריגקייטען און זיינען דאך עקשנות׳דיג געגאנגען צו זייער ציל.

פונם קורצען איבערבליק איבער דער טעטיגקייט פון די „הובבי-ציון" זעהען מיר אז דער „חובבי-ציוניזם" האט געוואלט אומקערן דאס צוזייטע איבער דער גאנצער וועלט אידיש פאלק צוריק צו זיין אלטער היים און אויפשטעלען דארט א אידישע מלוכה, אדער, לכל הפחות, א אידישען צענטער, מיט אזעלכע שעהנע אויפגאבען זיינען צוגרעטעטען די „חובבי ציון" צו דער ארבעט. די בראשיורן פון ל. פינסקער׳ן, ליליענ־בליום׳ען, די ארטיקלען פון לעוואנדע, סמאלענסקין׳ען און אנדערע איבערציינגן אונז, אז דער „הובבי-ציוניזם" אין זיינע יונגע יארן איז געווען דאס זעלבע, וואס דער פאליטישער ציוניזם.

נאר אונטער דער ווירקונג פון דער שווערער לאגע, פון איין זייט, און טיילווייז, א דאנק דעם אפארטוניזם פון די פירער פון דער צווייטער—האבען זיך די געזעלשאפטען „חובבי ציון", וועלכע האבען געפירט די ארבעט, ביסלעכווייז פארוואנדלט אין פילאנטרא־פישע אנשטאלטען, וועמענס ציל ס׳איז געווען שטיצן די שוין באזעצטע אין ארץ-ישראל ערד ארבעטער און בעלי-מלאכות, אדער, אין בעסטען פאל, גרינדן נאך עטליכע נייע קאלאניעס.

דער געדאנק האט אזוי ארום זיך צוברעקלט און פארלוירן זיין פריערינגן שוואונג. אנשטאט דער אויפלעבונג פונ׳ם אידישען פאלק, האבען מיר געקריגן אנדערט-האלבן צענדליג אידישע קאלאניעס, וועלכע האבען אפגעקאסט די גרויסע מיליאנען. אויף׳ן ארט פון די אידעאליסטען, ווי פינסקער, ריולף און סמאלענסקין, זיינען געקו-מען די אזוי גערופענע פראקטיקער—אסימיליאטארן אין דער ווירקליכקייט, ווי למשל די פארשטעהער פון „יקא", וועלכע האבען ניט געהאט קיין שום שיכות צו דעם געדאנק פון דער אויפלעבונג פונ׳ם אידישען פאלק אין ארץ-ישראל.

די סיסטעם פון פילאנטראפיע האט ניט געקאנט ברענגען קיין גוטס און, ווירקליך, ניט קוקנדיג אויף די גרויסע סומען, וועלכע זיינען אויסגעגעבן געווארן אין אייראפעאישן ארט ווירטשאפטן, האט מען דאך ניט דערגרייכט דערצו, אז די קאלא־ניסטן זאלן עקאנאמיש זיך באפעסטיגן.

הויץ לזה, האבן דעם באראנ'ס אדמיניסטראטארן, זיעלבע האבן באטראכט די גאנצע קאלאניזאציאנס טעטיגקייט, נאר אלס א פילאנטראפישן איפטו, און ניט אלס א פאלקס־ארבעט, איינגעפירט אין די קאלאניעס א שטרענגע דיסציפלין, וועלכע האט געמאכט פון די קאלאניסטן שאף, וואס אנדערע דארפן וועגן זיי זארגן. די סיסטעם האט, נאטירליך, פאראליזירט דעם ווילן און איניציאטיוו פון די קאלאניסטן, האט געשטערט דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון די קאלאניעס און האט געדינט אלס א זעהר שלעכטער ביישפיל פאר אנדערע קאלאניעס. צו די אינערליכע צושטערונגען, וועלכע זיינען געווען א דירעקטער רעזולטאט פון דער פאלשער שטעלונג צו דער קאלאניזאציע מצד די יקא־אדמיניסטראטארן, איז נאך צוגעקומען די פארארדנונג פון דער טערקישער רעגירונג. פונ'ם 1891־טן יאר, וועלכע פארווערט די רוסישע און רומענישע אידן אפשטייגן אין די ארץ־ישראל־דיגע האפנס. גלייבצייטיג איז שטרענג פארבאטן געווארן פארקויפן די אידן ניט באוועגליכע גיטער.

די רעפרעסיעס האבן אויך אנגערירט די קאלאניעס זעלבסט, וואו מ'האט ניט דערלאזט צו בויען הייזער און געשאפן אנדערע שטערונגען.

פון קאנסטאנטינאפאל זיינען אנגעקומען אלץ אפטער נייע באגרעניצונגס־באפעהלן בנוגע די אידן, וועלכע קומען אן קיין ארץ־ישראל. דער ערד־קויף איז פארבאטן געווארן ניט נאר איינצעלנע אידן, נאר אויך דעם באראן ראטשילד און „יקא".
די שטערונגען פאר דער קאלאניזאציאנס־ארבעט זיינען פאקטיש קלענער געווען, נאר א דאנק די באקאנטע איינגעשאפטן פון די טערקישע באאמטע.

אזא סיסטעם פון א געהיימען אריינגנב'נען זיך קיין ארץ־ישראל, אדער ווי ס'האט געהייסן בא די „חובבי־ציון"—„אינפילטראציע", א פלאנלאזע ארבעט דארט, וואו דער ערפאלג קען אונז ברענגען א ליכטיגע צוקונפט פאר'ן גאנצן פאלק, האט באליידיגט דעם גאוה־געפיל פון די, וועלכע האבן באטראכט די קאלאניזאציע, אלס א גרויסע פאלקס־ארבעט, דער צוועק פון וועלכער איז אויפצולעבן גייסטליך דאס אידישע פאלק, פארווירקליכן זיינע דורות־לאנגע שטרעבונגען. לויט דער מיינונג פון אט די טוער, איז אזא סיסטעם ניט ווירדיג פאר א פאלק, וואס אכטעט זיך אליין. די אידן דארפן ניט פארנעמען דאס לאנד פון זייערע אבות אויף א קאנטראבאנדנעם אופן. די קאלאניזאציע פון ארץ־ישראל דארף זיין א געזעצליכע, אויפ'ן סמך פון רעגירונג'ס געזעצן און מוז געפירט ווערן פלאנמעסיג.

מיט אט דעם „נייעם", נאר באמת פריהער „פארגעסענעם" לאזונג, איז געקומען דער ד"ר הערצל. און דער לאזונג באשטעהט אין פאלגענדן:

„די פילאנטראפישע קאלאניזאציע וועט ניט ברענגען אונז קיין רעטונג. מיר דארפן אפן ערקלערן דער וועלט, אז מיר עקזיסטירן אלס פאלק, אלס א באזונדערע

געמיינשאפט, און אזוי ווי אלע נאציעס, האבן מיר אויך רעכט אויף א זעלבסטשטענ־דיגער עקזיסטענץ. כדי צו דערגרייכן דעם ציל, דארפן מיר באקומען די הסכמה פון די מלוכות צו גרינדן אין ארץ-ישראל א אידישן נאציאנאלן צענטר, און נאך דעם איבערפירן אהין די אידן, וועלכע קאנען ניט און ווילן ניט אסימילירן זיך אין אייראפע און וועלכע ליידן שרעקליך אונטערן יאך פון די עקאנאמישע באדינגונגען און מענשליכער רשעות.

דאס איז דער גרונד־פרינציפ פונ'ם פאליטישן ציוניזם, וועלכער איז געקומען דער צווייטער עטאפ נאכ'ן „חובבי־ציוניזם", און וועגן אים וועלן מיר רעדן אין דער דריטער טייל פון אונזער בוך.

